# א. פּאַזי.

# דער בינשטאָק

## א שפּיל אין צוויי סצענעס

א מתנה צו

נענטן אין יידישע ביבליאטעק
אין פרעסע ארכיוו

פון

13/3329

א. פאַזי.

# דער בינשטאָק

## אַ שפּיל אין צוויי סצענעס

אַ מתּנה צו

פאַרלאַג

שלום עליכם פאָלק-אינסטיטוט

פון

ל. מ. שטיין

שיקאַגאָ



# דער בינשטאָק



א שפּיל אין צוויי סצענעס.

## ערשטע סצענע

### אַנטיילנעמער:

מוטער־בין
זום־זום

ערשטע בין
צווייטע בין
דריטע בין
פערטע בין
פלייסיק
לעבעדיק
} ארבעטער בינען

גבורה

קעניג־דראָן
אופזועער —
תפיסה־האַר
שליח־דראָן
אפּיציר־דראָן
} דראָנען

ארבעטער בינען, סאָלדאַטן, דראָנען.

---

א בינשטאָק. רעכטס א שמאָלע טיר, וואָס פירט אין דרויסן. אינס צענטער א טיר, וואָס פירט אין דראָנען־צימער. ווען די טיר עפנט זיך, זעט זיך א שיין און רייך באַפּוצטער צימער מיט א סך בלומען. לינקס, און אין צענטער, און איבער דער טיר פון דער רעכטער וואַנט זיינען אָנגעשטעלט האָניק־צעלן. די צעלן פאַרנעמען די גאַנצע ווענט. אין מיטן צימער שטייט א לאַנגער טיש, זעט אויס ווי געמאַכט פון מאַסיווע שטיקער וואַקס. שטיקער וואַקס הייגגען אַראָפּ פון אַלע זייטן טיש, אַזוי ווי די שטיקער אייז פון א דאַך. די זעקס פיסלאַך פונם טיש זען־

אוים ווי זעקס מאַסיווע, ניט געהובלטע וואקס קאַלאָנעס. לעבן דעם טיש שטייען צוויי לאַנגע און שמאָלע ביינק, געמאַכט אין דעמזעלביקן סטיל ווי דער טיש. חוץ דעם איז אין הויז מער קין מעבל ניטאָ. די כלים און אַנדערע מכשירים, וואָס ווערן שפּעטער באַנוצט, ווערן אַרויס־גענומען פון אַ האָניק־צעל, צו וועלכער עס איז צוגעפּאַסט אַ קליין זעקס־קאַנטיק טירל. אַלע כלים זיינען געמאַכט פון בלעטער און בלומען שיסעלאַך.

ווען דער פאַרהאַנג הויבט זיך אוף איז אַף דער בינע שטאָק פינצ־טער. די ליכטיקייט קומט לאַנגזאַם. אַפּריער, און פון ערגיץ ווייט, הערט זיך דאָס קרייען פון הענער. דערנאָך צעקרייען זיך העגער ערגיץ נאָענט. צעזינגט זיך אויך אַ פויגל באַלד. צוערשט איין פויגל קול, וואָס צערייסט די מאָנאָטאָנישקייט פון די העגער קריי, און סע גערויערט ניט לאַנג און אַ צווייטער פויגל טרעט אַרויס מיט זיין געזאַנג, און באַלד, און אַלע פייגל כאַפּן זיך אוף פון שלאָף און די לופט ווערט פול מיט געזאַנג. דורך דער טיר הויבן אָן לאַנגזאַם אַריינרייסן זיך צוויי פּאַסן ליכט. אין בינשטאָק ווערט ליכטיקער און מע דערזעט ווי אין ווינקל לינקס, און באַ דער גאַנצער לייגג פון דער וואַנט לינקס, ליגן און שלאָפן אַר־בעטער בינען. זיי שלאָפן אַף דער נאַקעטער ערד, ליגן צוגעטוליעט איינע צו דער צווייטער, צוזאַמענגעוואָרפן און אין אומאָרדנונג. זיי ליגן אַלע מיטן בויך צו דער ערד און מיט די פליגלען אינדערהויך, און עס זעט אוים ווי די גאַנצע ערד וואָלט געווען באַדעקט מיט פליגלען, מחמת די בינען זען זיך כמעט ניט אַרוים פון אונטער זיי. די מוטער־בין ליגט אַביסל אַנדערזייט פון אַלע בינען און זי איז די איינציקע, וואָס שלאָפט אַף אַ בינטל גראָז.

אַפּאָר פליגלען הויבן זיך אָן באַוועגן און זום־זום שטייט אוף די ערשטע. זי ציט זיך אוים, רייבט זיך די אויגן, קענטיק נאָך ניט אויס־געשלאָפן זיך און איז זיך מישב צי זי זאָל שוין אופשטיין אָדער שלאָפן נאָך אַביסל. זי הויבט זיך שוין אָן צו בויגן צוריק צו דער ערד און וויל זיך אוועקלייגן, אָבער זי כאַפּט אַ בליק אין דער ריכטונג פון דער טיר און דערזעט אַז סע טאָגט שוין. גיט זי זיך פלוצלונג און מיט אימפּעט אַרים, שטייט אוף, גייט צו צום טיר און קוקט אַרויס אין דרויסן. דערנאָך גייט זי האַסטיק צו צו מוטער־בין און וועקט זי.

**זום-זום:** מוטער, די זון איז שוין אופגעגאנגען און אירע שטראלן רייסן זיך אין בינשטאק אריין. די לופט איז פול מיט פייגל געזאנג. די בלומען טרייסלען שוין דעם טוי פון זייערע בלעטלאך אראפ. די נאכט איז אוועק. זאל איך וועקן די בינען צו דער ארבעט?

**מוטער-בין:** (ציט זיך אויס, געניצט און שטייט אוף) די זון איז שוין אוף... אומרואיק איז די זון אין די זומער נעכט: אליין שלאפט זי ווייניק און אונדז אויסצושלאפן זיך גיט זי ניט קיין צייט. יא, מע וואלט באדארפט וועקן די ארבעטער, אבער א רחמנות אף זיי: זיי האבן נעכטן געארבעט אזוי שפעט: דעם טאג — אין פעלד און אין גארטן, און אין אוונט — אין בינשטאק: נייע צעלן געבויט. מע וואלט באדארפט לאזן זיי גוט אויסשלאפן זיך, גוט אויסרוען זיך...

**זום-זום:** אבער, ווען די דראנען וועלן אופשטיין און דער־זען אז מיר זיינען נאך ניט בא דער ארבעט, וועלן זיי זייער אופ־געדרעגט ווערן. אין גוטן מוט קען מען פון זיי ניט אויסהאלטן. אפשיטא שוין ווען זיי ווערן אופגערעגט!...

**מוטער-בין:** (גייט אף די שפיץ־פינגער צום ארייננגאנג פונם דראנען־צימער, לייגט צו אן אויער צום טיר און הערט זיך איין.) זיי שלאפן נאך געשמאק. פארוואס זאלן זיי ניט שלאפן? זיי האבן ניט קיין דאגה און ניט קיין זארג, וואס זאל זיי פון זייערע בעטן הויבן. זיי קומען אף אלץ פארטיקס. זיי האבן אף זייער לעבן קין ברעקל ארבעט ניט געטאן. זיי פרעסן און זויפן פאר צען און מיר דארפן זיי נאך באדינען. הוליען ביזקל שפעט אינדער־נאכט. אונדז פארגינען זיי ניט קין ביסל האניק. און דעם האניק וואס מיר קלייבן אן, נעמען זיי צו. ווערן אנגעפילט די אלטע צעלן, בויען מיר נייע. פאר ווען? פאר וואס? כדי זיי זאלן האבן פון וואס אלץ פעטער און פעטער צו ווערן? כדי זיי זאלן קענען אלץ מער און מער הוליען און לאזן זיך וואוילגיין?...

**זום-זום:** ווי לאנג נאך וועלן מיר זיין קנעכט בא זיי?

**מוטער-בין:** ניט לאנג, ניט לאנג! לאמיר נאר האבן גע־
דולד. מיר אליין וואלטן פון אונדזערע דראגנען שוין לאנג געקענט
פטור ווערן, אבער די שכנותדיקע בינשטאקן זיינען נאך ניט
גרייט. זאלן מיר איצט דעם אופשטאנד מאכן, וועלן צו אונדזערע
דראגנען צו הילף קומען די דראגנען פון די איבעריקע בינשטאקן
און זיי וועלן אונדז פארטיליקן. ווייסטו דאך אבער, אז איך זיץ
ניט רואיק. איך רעד זיך צונויף מיט די איבעריקע בינען. ווען
דער גרויסער טאג וועט שוין יא קומען, וועט ער קומען אומעטום
אין איין צייט. זאל די דראגנען הערשאפט אומעטום ענדיקן זיך!
זאל זיך עפענען א פרייע צייט פאר אלע בינען פון גארטן!

**זום-זום:** מיינסטו אז די בינען פון אלע בינשטאקן וועלן
פאלגן דיינע קלוגע עצות?

**מוטער-בין:** זיי וועלן פאלגן, זיי וועלן פאלגן! זיי ווערן
ניט ווייניקער פון אונדז געפייניקט פון זייערע דראגנען. זיי בא־
קומען ניט מער פון אונדזערע ארבעטער באצאלט פאר זייער אר־
בעט. אויך זיי ווערן פון זייער פראצע בארויבט. זייערע לאוו־
רעס (קינדער) ווערן ניט בעסער פון אונדזערע פארזארגט. זיי
וועלן מוזן קלוג ווערן. און ווען איך רעד צו זיי, הערן זיי זיך צו.
זיי זיינען אזוי פארמאטערט, אז מיינע רייד קלינגען צו זיי מאדנע
פרעמד. זיי גלויבן ניט אז די ישועה קען קומען. דאך הויבן זיי
שוין אן צו פארשטיין, אז אף נסים האבן זיי ניט וואס צו ווארטן,
און אז אף דעם חסד פון די דראגנען האבן זיי ניט וואס צו פאר־
לאזן זיך, און אז בלויז אין זייערע אייגענע הענט ליגט זייער
דערלייזונג. דאך זיינען זיי זיך מודה, אז מיינע רייד קלינגען ווי
דער ערשטער אנזאג פון פרילינג נאך א לאנגן, ביטערן ווינטער.

(פון דרויסן, פון ווייט דערהערט זיך א טומל. געשרייען: "העלף!
העלף!" און עס ווערט צוריק שטיל. מוטער-בין און זום-זום הערן זיך איין.)

**זום-זום:** וואס זאל עס באדייטן?

**מוטער-בין:** מיר דוכט אַז דער טומל איז געקומען פון דעם שכנותדיקן בינשטאָק. איך וועל גיין זען.

(זי גייט אַרויס. זום־זום נעמט אַ בעזים און ריייניקט דעם בינ־שטאָק. לייגט אַ טישטוך אַפן טיש און שטעלט אויס געשיר, און זינגט אַ ניגון אין דער שטיל.)

**מוטער-בין:** (קומט האַסטיק אַריין. קענטיק זייער אופגערעגט. גייט צו צום טיר פון דעם דראָנען צימער, הערט זיך איין און פאַר־שטייענדיק אַז זיי שלאָפן נאָך געשמאַק, גייט זי שנעל צו צו זום־זום.) סהאָט זיך שוין אָנגעהויבן! די בינען האָבן געמאַכט אַן אופ־שטאַנד. פון צוויי בינשטאָקן האָט מען די דראָנען אַרויסגעטריבן און מע האָט זיי פאַריאָגט ביז אַריבער די גרעניצן פונם מדבר. אין איין בינשטאָק האָבן זיך די דראָנען אַנטקעגנגעשטעלט, האָט מען זיי פאַרשפאַרט אין תפיסות. די גרויסע שעה איז געקומען! די שעה פון באַפרייאונג! וועק שנעל די בינען!

**זום-זום:** (וועקט די בינען) שטייט אוף, בינען! שטייט אוף! די זון שטייט שוין הויך אין הימל. שטייט אוף! גייט צו נעמען זיך פאַר דער אַרבעט!

**בינען:** (פליען אַרום. איינע צו די אַנדערע)

— אוי, בין איך מיד!...

— וואָלט נאָך אַביסל געוואָלט שלאָפן...

— איך האָב אַף דעם האַרטן געלעגער נאָך מער מיינע ביי־נער צעבראָכן.

**ערשטע בין:** (טייטלט מיטן פינגער אין דער ריכטונג פון דעם דראָנען צימער) זיי האָבן ניט נעכטן און ניט אייערנעכטן גע־אַרבעט און דאָך ליגן זיי אַף די ווייכע געלעגערס און מיר דאַרפן שלאָפן אַף דער האַרטער ערד...

**צווייטע בין:** נעכטן האָט מיך אַ דראָן זייער שטאַרק גע־שלאָגן. עס טוען מיר נאָך איצט וויי די זייטן. אים האָט זיך גע־

דוכט אַז איך האָב ניט גענוג האָניק געבראַכט. האָב איך אים געפרעגט: "ניט גענוג? באַווייז אַ בריהשאַפט און ברייננג מער."
נו, נו, מער האָב איך ניט געדאַרפט. ער האָט זיך אַף מיר אַ וואָרף געטאָן מיט אַ ווילדער רציחה. איך האָב ניט צייט געהאַט אָפּ־קערן זיך און ער האָט אָנגעהויבן שלאָגן מיך מיט דעם גראָבן שטעקן, וואָס ער האָט אין זיין האַנט געהאַלטן.

**דר[illegible]זע בין:** אַנטקעגן אונדז זיינען זיי בריות. אַנומלט אָבער, ווען דער בער האָט באַפאַלן אונדזער בינשטאָק, האָבן זיי זיך אַליין, אין שרעק, באַהאַלטן און אַנטקעגן דעם בער האָבן זיי אונדז אַרויסגעשיקט. צוריק באַווייזן האָבן זיי זיך ערשט דאַן, ווען מיר האָבן שוין געהאַט פאַריאָגט דעם בער העט־העט ווייט.

**ערשטע בין:** יאָ, ווען עס קומט צו עסן, וואוילטיקן זיך און אונדז צו מאַטערן, זיינען זיי גרויסע בריות. ווען אָבער עס קומט צו אַרבעטן, צו פאַרטיידיקן דעם בינשטאָק, צו אָנשטריינ־גען זיך אָדער צו שטעלן דאָס לעבן אין סכנה, זיינען זיי ניטאָ אינדערהיים. פינף און צוואַנציק בינען זיינען דערהרגעט געוואָרן אין דער מלחמה מיטן בער. פאַר וועמען?

**פערטע בין:** ניט געזאָרגט, ניט געזאָרגט, חברטע! ניט אייביק וועלן די דראָנען געוועלטיקן. באַלד וועלן מיר פון זיי פּטור ווערן. ווער דאַמאָלסט אַלצדינג צו אונדז געהערן.

(עס עפנט זיך די טיר פונם דראָנען צימער. עס קומט אַרויס דער דראָנען קעניג און נאָך אים די איבעריקע דראָנען. קעניג דראָן קוקט זיך צוערשט אַרום און דערנאָך גייט ער צום טיר רעכטס און קוקט אַרויס אין דרויסן.)

**קעניג דראָן:** שוין זייער שפּעט. מוטער, קום אַהער!

**מוטער־בין:** איך בין דאָ.

**קעניג דראָן:** וואָס טוען דאָ די אַרבעטער בינען אַזוי שפּעט? פאַרוואָס זיינען זיי נאָך ניט בײַ דער אַרבעט?

**מוטער-בין:** זיי האָבן נעכטן געאַרבעט אַזוי שפּעט און אַזוי שווער. די נאַכט איז קורץ. האָב איך זיי געלאָזט אַביסל לייג-גער צו שלאָפן.

**קעניג-דראָן:** (קרימט זי איבער) אַביסל לייגגער צו שלאָפן... רק איר וואָלט געשלאָפן, פוילע בינען! איך וועל אייך באַווייזן ווי אַזוי צו שלאָפן! צו דער אַרבעט זאָלט איר גיין! שנעל! היינט פאַרבלייבט איר אָן פרישטיק!

**די דראָגען:** גוט אַזוי! גוט אַזוי!

**קעניג-דראָן:** אַרבעטער, אַלע אַהער!

**די בינען:** (שטעלן זיך אויף אין אַ האַלבן קרייז)

— מיר זיינען דאָ.

**קעניג-דראָן:** האָט איר געהערט מיין באַפעל? היינט בלייבט איר אָן פרישטיק. וועט איר פון היינט אָן און אַף ווייטער וויסן, אַז אופשטיין וועט איר נאָך איידער די זון גייט אויף. איר הערט?

**די בינען:** (שווייגן.)

**זום-זום:** קעניג דראָן... (די מוטער-בין מאַכט אים אַ צייכן צו שווייגן און ער ענדיקט נים.)

**קעניג-דראָן:** וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

**זום-זום:** גאָרנישט.

**קעניג-דראָן:** גאָרנישט, גאָרנישט... איך וועל אייך באַ-ווייזן "גאָרנישט"... פאַר דיין ווען זאָגן "גאָרנישט" וועסטו היינט אַזוי גוט זיין און ברענגען דיין שטענדיקע מאָס האָניק און, אַחוץ דעם, צונויפקלייבן וואַקס און אופבויען צוויי נייע צעלן. וועסטו די אַרבעט איננאַנצן נים אָפּטאָן, וועסטו אַריינגעזעצט ווערן אַף צען טעג אין אַ תּפיסה-צעל.

**זום-זום:** האָב רחמנות!... האָב רחמנות!...

**קעניג-דראָן:** קיין רחמנות אַף אייך, פוילע בינען! אַט דאָס וועט אייך לערנען ווי אַזוי אױפצופירן זיך. אופזועער!

**אופזועער:** איך בין דאָ.

**קעניג-דראָן:** האָסטו געהערט מיין באַפעל? גיב היינט אכטונג אַף זום-זומען. און אויב ביזקל זון אונטערגאַנג וועט ער זיין אַרבעט ניט אָפּטאָן, זאָלסטו אים גלייך אַריינוואַקסעווען אין א תפיסה-צעל, און זאָלסט אַכטונג געבן, אַז קיינער זאָל אים ניט העלפן.

**אופזועער:** יאָ, מיין קעניג.

**קעניג-דראָן:** פלייסיק! גיי אין דראָנען-צימער, פאַרבעט דאָרט די בעטן און רייניק אוים דעם בינשטאָק. שנעל!

(פלייסיק גייט ארוים.)

**קעניג-דראָן:** (צו אַלע בינען) סאיז היינט אַ שיינער טאָג. סוועט אייך זיין גוט צו אַרבעטן. זאָלט איר היינט אַריינברייגען צוויי מאָל אַזויפיל האָניק. אופזועער, זאָלסט אַכטונג געבן!

**אופזועער:** יאָ, מיין קעניג.

**מוטער-בין:** האָב רחמנות! דער טאָג איז נעכטן אויך שיין געווען און די בינען האָבן געאַרבעט ביז די לעצטע כוחות צו ברייגען די מאָס האָניק. ווי קענסטו פאַרלאַנגען אַז מע זאָל די מאָס פאַרטאָפּלען?

**קעניג-דראָן:** (ווערט אין כעס, טופּעט מיט די פיס) שווייג! פויל זיינט איר, שרייט איר דערפאַר אַז סאיז שווער. איר שפּילט זיך צופיל אַרום בײַ דער אַרבעט. מיינע באַפעלן מוז מען פאָלגן. זיינען אַלע בינען דאָ?

**מוטער-בין:** מיר זיינען אַלע דאָ.

**קעניג-דראָן:** וועל איך צעוױשן אייך צעטיילן די אַרבעט. לעבעדיק!

לעבעדיק: איך בין דאָ.

קעניג־דראָן: האָסטו שוין אויסגעשעפּט דעם האָניק פון די רויזן?

לעבעדיק: נאָך ניט אינגאַנצן.

קעניג־דראָן: דאָס איז אַלץ וואָס מע הערט פון אייך: ניין און־ניין... וויפיל האָניק איז נאָך דאָרט פאַרבליבן?

לעבעדיק: גוטע צען מעסטלאָך.

קעניג־דראָן: זאָלסטו עס היינט אויסשעפּן.

לעבעדיק: היינט! אין איין טאָג! צען מעסטלאָך אין איין טאָג!...

קעניג־דראָן: שווייג! וואָס איז היינט אַזוינס מיט די בינען, וואָס זיי האַלטן אין איין ווידערשפּרעכן מיר? איך וועל אייך מוזן אַ לערן טאָן צו האָבן דרך־ארץ פאַר אונדז. תפיסה־האַר, קום אַהער!

תפיסה־האַר: איך בין דאָ.

קעניג־דראָן: וואַקסעווע איין לעבעדיקן אין אַ תפיסה־צעל אויף צען טעג. זע אַז דער צעל זאָל זיין אַזוי איינג, אַז זי זאָל מוזן שטיין די גאַנצע צייט. אַזוי וועל איך טאָן צו יעדער איינציקער, וועלכע וועט מיר ווידערשפּרעכן.

תפיסה־האַר: (נעמט לעבעדיקן פאַר אַ פליגל) קום!
(זיי גייען אַרויס.)

קעניג־דראָן: אַרבעטער בינען, הערט אויס! נעכטן האָב איך באַטראַכט די גריקע־פעלד און, איך גלויב, אַז מאָרגן וועט זיך די גריקע שוין פאַנאַנדערבליען. דאָרט וועט זיין אַן אוצר מיט האָניק. אָבער גריקע בליט ניט לאַנג און, אויב מיר וועלן דעם גאַנצן האָניק ניט אויסשעפּן אין איין טאָג, וועט עס פאַרפאַלן ווערן. וועלן דערפאַר אַלע דאַרפן זיין אויף דער גריקע־פעלד.

אַלע דאַרפֿט איר זיין גרייט צו מאָרגן. דער האָניק פֿון די איבע־ריקע בלומען מוז דערפֿאַר היינט אויסגעשעפּט ווערן!

**די בינען:** (מיט יאוש) היינט... אין איין טאָג?...

**קעניג־דראָן:** (אופגערעגט) יאָ, יאָ... היינט, אין איין טאָג... ווער זאָגט, אַז סאיז צופֿיל? קום אַרויס!

(ער קוקט זיך אַרום. די בינען טוליען זיך איינע צו די אַנדערע און בלייבן שטיין אַף זייערע ערטער.)

**קעניג־דראָן:** אַהאַ, קיינער קומט ניט אַרויס. אַט אַזוי גע־פֿעלט מיר. ווער אַרבעט אַף די האָניק־בלומען? (האָני־סאַקלס, אין איינגליש.)

**גבורה:** איך.

**קעניג־דראָן:** איך ליב זייער פֿרישן האָניק מיט טוי גע־מישט פֿון די דאָזיקע בלומען. גיי און ברייגג מיר אַביסל פֿאַר פֿרישטיק.

(דערווייל פֿירט תּפֿיסה־האַר אַריין אַ בין. באַ איר זיינען די פֿליגל־לאַך צעבראָכן און זי הינקט אַףביידע פֿיס. דאָס פּנים בלאַס. די קליי־דער צעריסן און באַפֿלעקט מיט בלוט.)

**די בין:** (קרעכצט) אוי, אוי, אוי...

(די בינען ווילן צו איר צולויפֿן, אָבער דער קעניג גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און זיי רירן זיך ניט פֿון אָרט.)

**קעניג־דראָן:** בלייבט שטיין אַף אייערע ערטער! (צו תּפֿיסה־האַר) ווער איז זי?

**תּפֿיסה־האַר:** דו האָסט מיר געהייסן האַלטן זי פֿינף טעג אין תּפֿיסה. היינט האָט זיך די צייט געענדיקט, האָב איך זי אַרויס־געלאָזט.

(גבורה וויל אַרויסגיין בריינגען פֿאַרן קעניג דעם האָניק מיטן טוי, אָבער מוטער־בין מאַכט איר אַ צייכן און זי בלייבט שטיין.)

**קעניג-דראָן:** (צו גבורה) פאַרוואָס גייסטו ניט נאָכן האָניק?

**מוטער-בין:** (טרעט אַרויס פאָרויס) גבורה וועט ניט גיין!

**די בינען:** (מאַכן דראָענדיקע באַוועגונגען) גבורה וועט ניט גיין!

**קעניג-דראָן:** (בלייבט אַ ווײַלע שטיין דערשטוינט) וואָס הייסט?... וואָס מיינט איר גבורה וועט ניט גיין?... (באַטראַכט די בינען און זעט זייערע דראָענדיקע באַוועגונגען. טרעט אָפּ אַ ביסל צוריק) דראָנען, אַלע אַהער! (די דראָנען רינגלען אַרום דעם קעניג און קוקן מיט שרעק און וואונדער אויף די בינען.)

**מוטער-בין:** קעניג דראָן, און איר אַלע, דראָנען, די טעג פון אייער ממשלה האָבן זיך געענדיקט! מיר האָבן אײַך לאַנג געדולדעט, מיר האָבן פון אײַך אַסך געליטן. מיר האָבן שווער געאַרבעט גאַנצע טעג און בײַנאַכט האָט איר אונדז אויך קיין צו־פיל רו ניט געגעבן. מיר האָבן פאַר אײַך צעלן געבויט און זיי מיט האָניק אָנגעפילט. אַליין פאַרמאָגן מיר גאָרנישט. האָניק האָבן מיר פאַר א י י ך געזאַמלט. איר האָט, דורך אונדזער אַרבעט, אין וואוילטיק געלעבט, און אונדז, די אַרבעטער, וועלכע האָבן דאָס אַלץ אָנגעזאַמלט און אויסגעבויט, — האָט איר געהאַלטן אויף טרוקענעם בלומען שטויב. פאַר אײַך, לײַדיקגייער, האָבן מיר ווייכע בעטן געבעט, און אַליין האָבן מיר אויף דער האַרטער ערד געשלאָפן. איז דאָס נאָך אַלץ ווייניק פאַר אײַך, מאַטערט איר נאָך אונדז מיט אַלערליי יסורים, איר שלאָגט אונדז, איר פאַר־פייניגט אונדז אין די תפיסות... קיין צופיל עסן האָט איר אונדז קיינמאָל ניט געגעבן, רויבט איר נאָך אונדזער אָרימען פרישטיק אויך. מיר האָבן שוין אַזוי אויך געאַרבעט אַריבער די כוחות, אָבער פאַר אײַך איז דאָס נאָך אַלץ ניט גענוג און איר וואַרפט אויף אונדז אַרויף מער און מער אַרבעט. און אַז מיר קומען און ווילן אײַך דערציילן ווי שווער אונדז איז, הערט איר אונדז ניט אויס, נאָר איר שרײַט, אַז מיר זײַנען פויל און איר האַלט אונדז אין איין באַשטראָפן דערפאַר. דראָנען, ביז הײַנט האָבן מיר געליטן און

געשווינגן, אָבער היינט האָט זיך אונדזער געדולד געענדיקט. ניט מער, דראָנען, וועלן אייך די בינען פאָלגן, ניט מער וועלן זיי אייך דינען. פון איצט אָן און ווייטער זיינען די אַרבעטער-בינען פריי! פון איצט אָן און ווייטער זיינען די אַרבעטער-בינען אַליין די באַלעבאָטים איבער זייער האָב און גוטס! בינען, הוראַ! זאָל לעבן די פרייהייט!

**די בינען:** הוראַ! זאָל לעבן די פרייהייט! זאָלן לעבן די אַרבעטער-בינען! נידער מיט די דראָנען!

**מוטער-בין:** און איצט הערט אויס,דראָנען! איניינעם מיט אונדזער פרייהייט קומען מיר צו אייך אופמאָנען אונדזער אַלטן חוב. זעט איר אָט דעם בינשטאָק מיט אַלץ וואָס איז אין אים? — דאָס אַלץ האָבן מיר, די אַרבעטער-בינען, מיט אונדזערע אייגענע הענט, אופגעבויט. קיינער, קיינער האָט אונדז ניט גע-האָלפן בויען. באַלאַנגט דאָס אַלץ, דעריבער, צו אונדז. קיינעם, קיינעם זיינען מיר גאָרנישט שולדיק. אייך, דראָנען, זיינען מיר אודאי גאָרנישט שולדיק. צו אייך באַלאַנגט דאָ קיין זאַך ניט! מיר דערקלערן זיך פאַר באַלעבאָטים פון אַלץ וואָס דאָ איז. און פון איצט אָן און ווייטער, וועט בלויז יענער האָבן אַ רעכט צום עסן, ווער עס וועט אַרבעטן און מיט עסן זיך באַזאָרגן. ווילט איר, דראָנען, קענט איר דאָ פאַרבלייבן. איר וועט אָבער מוזן אַרבעטן מיט אַלעמען גלייך. אויב ניט, גייט זיך אייך פון דאַנעט געזונטערהייט. דערפאַר טאַקי, קעניג-דראָן, אויב דו ווילסט פריי-שטיק, גיי און ברייננ זיך אַליין. די פעלדער זיינען פריי און אָפן. די בלומען-וועלן אויך אייך ניט אָפזאָגן. גייט און קלייבט זיך האָניק וויפיל איר ווילט. עסט און זאָל אייך וואויל באַקומען. איר וועט זען, אַז דער האָניק וועט אַסך געשמאַקער זיין, ווען איר וועט אים אליין קלייבן...

**קעניג-דראָן:** (אָפן אויער צו שליח-דראָן) גיי און ברייננ די סאָלדאַטן! (דער שליח-דראָן גייט אַרויס.)

(די דראָנען שטייען צוטרעשט ווי פאַרשטיינערט און באַטראַכטן די מוטער-בין. קענטיק אַז אָטאָדער אַרויסטרייט פון דער מוטער-בין איז

פאַר זיי אינגאַנצן אומגעריכט. זיי קוקן אַף איר ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויסגעפינען צי זי מיינט עס ערנסט, צי זי מאַכט אַ שפּאַס. ביסלאַכ־ווייז גייען זיי אַרויס פון זייער פאַרגליווערטקייט און זיי הויבן אָן באַ־וועגן זיך און שרייען איינציקווייז און עטלאַכע מיטאַמאָל:)

— וואָס פאַר אַ חוצפּה!

— וואָס הייסט, מיר זאָלן גיין אַרבעטן?

— אויסהרגענען זיי אַלעמען...

— איינזואַקסעווען זיי אין תפיסה־צעלן ביז וואַנעט זיי וועלן דאָרט אויסגיין.

— אַרויסוואַרפן זיי פון בינשטאָק!

— זיי פאַרגעסן ווער זיי זיינען... לאָמיר זיי פאַריאָגן אין מדבר אַריין, און זאָלן זיי דאָרט אויסשטאַרבן פון הונגער און דאָרשט...

— לאָמיר פון זיי די פעלדער צונעמען!

— לאָמיר זיי אַרויסטרייבן און אָנשטעלן אַנדערע אַרבעטער.

**דער שליח־דראָן:** (לויפט האַסטיק אַריין) די סאָלדאַטן קומען!

(עס ווערט אַ טויט שטילקייט. די אַרבעטער־בינען הויבן אָן אָפּ־טרעטן און טוליען זיך איינע צו די אַנדערע. די מוטער־בין שפּרייט פאַ־נאַנדער אירע פליגלען, ווי זי וואָלט זיי אַלעמען געוואָלט באַשיצן הינ־טער זיי.)

**מוטער־בין:** (צו די אַרבעטער־בינען) שטייט אַף אייערע ערטער! האָט קיין מורא ניט! די סאָלדאַטן זיינען אַף אונדזער זייט...

**אָפיציר־דראָן:** (פירט אַריין די סאָלדאַטן, מושטירט) רעכטס! לינקס! לינקס! רעכטס! רעכטס! שטייט!... סאַלוטירט דעם קעניג־דראָן! (די סאָלדאַטן סאַלוטירן.)

**קעניג-דראָן:** (צו די סאָלדאַטן) אַרעסטירט די מוטער-בין!

**אָפיציר-דראָן:** יאָ, מיין קעניג! (ער גייט צו צו מוטער-בין און לייגט אַף איר אַרוף אַ האַנט. זום-זום און גבורה לויפן צו און שטופּן אים אָפּ.)

**אָפיציר-דראָן:** סאָלדאַטן, רינגלט אַרום די אַרבעטער-בי-נען! מאַרש!

**מוטער-בין:** (צו די סאָלדאַטן) סאָלדאַטן, שטייט אַף אייערע ערטער און הערט מיך אויס! מע הייסט אייך אַרומרינגלען אונדז, מע הייסט אייך אַרעסטירן מיך, — ווייסט איר פאַרוואָס? — ווייל איך האָב זיך איינגעשטעלט פאַר מיינע אָרימע און פאַר-מאַטערטע קינדער. סאָלדאַטן, אין אייערע בינשטאָקן ווערן אייערע שוועסטער געמאַטערט פון די דראָנען אַזוי ווי מיר דאָ. ווי ווערט עס אייך זיין צום האַרצן, אַז ווען אין אייערע היימען וועלן אייערע מאַמעס און שוועסטער אופשטיין אַנטקעגן זייערע דראָנען, און דאָ וועלן קומען סאָלדאַטן און זיי אויסהרגענען, אָדער זיי פאַר-שפאַרן אין תפיסה?... נו, און דאָס, וואָס איר וואָלט ניט גע-וואָלט, אַז בא אייך זאָל געטאָן ווערן, דאַרפט איר ניט וועלן דאָ טאָן. סאָלדאַטן, ניט מיטן גוטן ווילן זיינט איר אָפּגעריסן געוואָרן פון אייערע היימען! וואָלט איר דען ניט בעסער געוואָלט זיין אין אייערע בינשטאָקן און אַרבעטן אַף אייערע פעלדער און גערט-נער און צווישן די בלומען, איידער צו געפינען זיך דאָ אונטער דער ממשלה פון די דראָנען? וואָלט איר דען ניט געוואָלט פריי זיין און אַרומשוועבן אונטער די בלויע הימלען, איידער צו זיין קנעכט צו די דראָנען? סאָלדאַטן! ווען די אַרבעטער-בינען וועלן ווערן באַלעבאָס, וועלן זיי קיין סאָלדאַטן ניט דאַרפן. אַלע וועלן זיין פריי! סאָלדאַרין, ווען איך שטעל זיך איין פאַר די אַרבעטער-בינען, שטעל איך זיך במילא איין אויך פאַר אייך! איך בין אייער פריינט! פרייהייט פאַר אַלע, אַלע בינען פאַרלאַנג איך! אַראָפּ-וואַרפן פון זיך דעם יאָך פון אַלע דראָנען! אונדזערע פאַרלאַנגען זיינען גערעכטע! סאָלדאַטן, שטייט דאָ צו צו אונדז, העלפט אונדז דאָ צו באַפרייען זיך פון אונדזערע דראָנען, און דערנאָך וועלן

מיר גיין צו אייך אהיים און דאָרט וועלן מיר אייערע שוועסטער באַפרייען פון זייערע דראַנעץ. העלפט איר אונדז דאָ און מיר וועלן קומען און העלפן אייך דאָרט!...

**די סאָלדאַטן:** זי איז גערעכט!... זי איז גערעכט!...

**אַ סאָלדאַט:** נידער מיט די דראַנעץ!

**אַלע:** הוראַ! הוראַ!

**מוטער-בין:** זאָלן לעבן די סאָלדאַטן!

**אַלע:** הוראַ! הוראַ!

**מוטער-בין:** (צו די סאָלדאַטן) איצט, ליבע חברים, זיינט איר אונדזערע געסט. קומט צום טיש און מיר וועלן עסן פרישטיק צוזאַמען. די דראַנעץ האָבן אייך געשפּייזט מיט בלומען שטויב און מיר וועלן אייך געבן האָניק צום עסן. נישקשה, די בלומען זיינען רייך און ס'איז דאָ גענוג פאַר אַלעמען. זום-זום און גבורה וועלן דערוויל שטעלן זיך באַם טיר און אַכטונג געבן, אַז די דראַנעץ זאָלן נאָך דערהוייל דאָ זיין. נעמט באַם אַפּיציר צו זיין געווער. זאָלן אים מער קין נאַרישקייטן אין קאָפּ ניט אַריינ-פאַלן... (צו צוויי אַנדערע בינען) און איר, קינדערלאַך, גייט און באַפרייט אַלע אייערע שוועסטער, וועלכע שמאַכטן אין די תפיסות.

(אַלע זעצן זיך צום טיש. זום-זום און גבורה גייען צו צום אַפּיציר-דראָן. די מוזיק שפּילט דעם אינטערנאַציאָנאַל. עטלאַכע בינען נעמען האַמערס און גייען צו די תפיסה-צעלן.)

פאַרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם
צ׳ענטראַלע יידישע ביבליאָטעק
און פּרעסע אַרכיוו

## צווייטע סצענע

### אַנטיילנעמער:

מוטער-בין
זום-זום
פלייסיק
גבורה
לעבעדיק
ווילן
שוועסטער-בין
דרייסט
} **אַרבעטער בינען**

האָניק-מאַכער
קעניג-דראָן
ערשטער דראָן
צווייטער דראָן
דריטער דראָן
פערטער דראָן
} **דראָנען**

אַרבעטער-בינען, דראָנען, לאַוורעס.

---

די זעלביקע סצענע ווי די ערשטע. דריי טעג שפּעטער. מיטיק־צייט. קעניג־דראָן שפּאַצירט הין און צוריק איבערן בינשטאָק. די איבעריקע דראָנען שטייען אָדער ליגן צעשאָטן איבערן צי־מער. אַלע זייער טרויעריק.

**ערשטער דראָן:** אוי, בין איך הונגעריק!

**צווייטער דראָן:** איך האָב געזוכט אומעטום און קיין איין אָפענע האָניק-צעל ניט געפונען.

**ערשטער דראָן:** ווי געפעלט דיר ווי זיי פרעסן דאָס אצינד? צען צעלן האָניק האָבן זיי אופגעפרעסן אין צוויי טעג.

**דריטער דראָן:** און איצט אַרבעטן זיי גאָר בעסער. פונם גריקע פעלד אַליין האָבן זיי געבראַכט צען שפּייכלערס האָניק.

**פערטער דראָן:** איך האָב זיך נעכטן אָוונט צוגעהערט צו וואָס זיי רעדן אָף זייער אסיפה. זיי ווען מאַכן אַ נייע אָרדנונג.

זיי וועלן מער ניט אַרבעטן ווי זעקס שעה אַ טאָג. זיי זאָגן אַז דאָס וועט זיין געזונט, אַז זיי וועלן אין משך פון אָט דער קורצער צייט קאָנען אָנקלייבן גענוג האָניק, אַז זיי זאָל סטייען אויף אַ גאַנץ יאָר און עס וועט נאָך איבערבלייבן.

**דריטער דראָן:** און ווי זיי הוליען דאָס! מיט די גרילצן זיינען זיי גאָר מחותנים געוואָרן — די גרילצן שפּילן און זיי טאַנצן.

**פערטער דראָן:** פאַרוואָס זאָלן זיי ניט טאַנצן? אַז זיי זיינען מיט איין מאָל געוואָרן באַלעבאַטים פון אַ גאַנצן בינשטאָק מיט כל־טוב. אַזאַ גדולה האָט זיך זיי אַפילו ניט געחלומט.

**ערשטער דראָן:** זיי טאַנצן און הוליען און מיר גייען פון הונגער אויס... אַזעלכע אכזרים און פאַרגרעבטע יונגען! איך האָב אַלעמאָל געטענהט אַז...

**צווייטער דראָן:** שאַ, אימיצער קומט...

(עס קומען אַריין: זום־זום, פליסיק, לעבעדיק, ווילן, האָניק־מאַ־כער, דרייסט און נאָך עטלאַכע בינען. זום־זום טראָגט אַ כלי פול מיט בלומען־שטויב. פליסיק קוקט אַריין אין זיין כלי.)

**פליסיק:** וואו האָסטו גענומען אַזאַ גוטן בלומען־שטויב, זום־זום?

**זום־זום:** איך האָב עס צונויפגעקליבן פון די וואַסער־ליליעס.

**פליסיק:** פון די וואַסער־ליליעס? ווי אַזוי איז דיר איינגע־פאַלן צו גיין צו די וואַסער־ליליעס?

**זום־זום:** מיר דאַרפן אַלין פּרובירן. דיר וואָלט זיך ניט געגלויבט ווי גוט אַטאָדער שטויב איז, און וואָס פאַר אַ טייערער מאכל עס איז, ווען מע מישט אים אויס מיט גריקע־האָניק. אָט וועסטו זען — איך וועל עס היינט דערלאַנגען פאַר מיטיק.

**פליסיק:** אָבער ווי איז עס דיר איינגעפאַלן צו פליען אי־בערן וואַסער?

**זום-זום:** גאָר פּשוט. איך האָב זיך באַפריינדט מיט אַ וואַ־סער־פליג. מיר האָבן זיך צערעדט. איך האָב איר דערציילט ווי סע לעבט זיך בײַ אונדז, און זי האָט מיר דערציילט ווי סע לעבט זיך בײַ זיי. ווען איך האָב איר דערציילט די געשיכטע מיט די דראַנען האָט זי זיך שטאַרק פאַרוואונדערט: סטייטש, ווי אַזוי האָבן מיר לכתחילה צוגעלאָזט אַז אימיצער זאָל איבער אונדז געוועלטיקן? זיי, די וואַסער־פליגן, האָבן איבער זיך קיינמאָל ניט געהאַט קיין מלך. זיי זײַנען אַלעמאָל פרײַ. זיי זײַנען אַ גאַנצן טאָג אונטערן פרײַען הימל און אַפילו בײַנאַכט האָבן זיי ניט קיין דאַך איבערן קאָפּ. דעם גאַנצן זומער הוליען זיי און ווינטער שלאָפן זיי. סאיז זייער אינטערעסאַנט. איצט, אַז מיר זײַנען פרײַ גע־וואָרן, וועלן מיר דאַרפן באַקאַנען זיך מיט דער אינזעקטן־וועלט. מיר דאַרפן שוין מער ניט לעבן צוליב ברויט און האָניק אַליין. מיר מעגן זיך שוין פאַרגינען צו פאַרברענגען די פרײַע צײַט און אויך לערנען זיך. מיר קענען זיך אַסך אָפּלערנען פון דער אינ־זעקטן־וועלט.

**פליסיק:** דו האָסט דאָך אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם בלומען־שטויב. . .

**זום-זום:** אַ, יאָ. נו, האָב איך זיך פאַנאַנדערגערעדט מיט דער וואַסער־פליג. איך האָב זי מכבד געווען מיט האָניק און זי האָט מיך מכבד געווען מיט אַטאָדעם שטויב. לכתחילה איז מיר דער שטויב ניט געפעלן געוואָרן, אָבער דערנאָך איז מיר אײַנגע־פאַלן צו פאַרמישן אים מיט האָניק און סאיז אַרויסגעקומען אַן אמתדיקער מאכל.

**פליסיק:** קום, איך וועל דיר העלפן צו מישן דעם שטויב מיט האָניק. (זיי נעמען זיך צו דער אַרבעט. די דראָנען גייען אַרום הינטער זיי און קוקן זיך צו מיט הונגעריקע בליקן. ברעקלאַך פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד און דראָנען גיבן זיך אַ וואָרף אויפצוקלייבן זיי. סע ווערט צווישן זיי אַ געראַנגל און זיי הויבן זיך אַלע אָן קײַקלען איבער דער ערד. עס קומט אַרײַן גבורה, פאַרטשעפּעט זיך אָן אַ דראָן און פאַלט.)

**גבורה:** די דראַנען זיינען אומעטום אין וועג...

**זום־זום:** דראַנען, הערט אויף ארומצוקריכן אונטער די פיס! אוועק פון דאַנעט! (פאַרטרייבט זיי אין א ווינקל.)

**לעבעדיק:** א רחמנות אויף זיי, זיי זיינען הונגעריק...

**זום־זום:** הונגעריק זיינען זיי? — זאָלן זיי גיין אַרבעטן, אזוי ווי מיר אַלע, וועט זיי ניט אויסקומען צו זיין הונגעריק. סאיז אויף זיי א רחמנות ניט דערפאַר וואָס זיי זיינען הונגעריק, נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען אַזוי־פויל... ווען זיי וואָלטן קראַנק געווען, וואָלטן מיר באַדאַרפט אויף זיי רחמנות האָבן, אָבער זיי זייענען געזונט אַזוי ווי מיר...

**קעניג־דראָן:** (דראָעט מיטן האַנט אין דער ריכטונג פון זום־זום) מיר האָבן נאָך אונדזער קאַמף ניט פאַרלוירן, איר רויבער! איר וועט נאָך טייער באַצאָלן פאַר אייער איצטיקער אופפירונג.

**די בינען:** כאַ־כאַ־כאַ... אַזוי? איר וועט נאָך קעמפן? אפשר וועט איר אונדז ווידער פאַרקנעכטן?...

**זום־זום:** ביזקל וואַנעט וואָס שטייט ניט אין וועג! שטעלט זיך אין א ווינקל! (פאַרטרייבט זיי ווידער אין א ווינקל.)

**גבורה:** פאַרגעסט ניט, דראַנען, אַז דאָס וואָס מיר האַלטן אייך דאָ און געדולדן נאָך אייער געזעלשאַפט, איז עס בלויז פון רחמנות וועגן. איר פאַרמאָגט ניט קיין חלק אין דעם בינשטאָק. מיר ווילן נאָך ניט פאַרלירן אַלע האָפנונגען אויף אייך. מיר האָפן, אַז איר וועט זיך, סוף־כל־סוף, באַזינען און איר וועט ווערן נוצלאַכע מיטגלידער פון אונדזער בינען־געזעלשאַפט. מיר האָפן, אַז איר וועט, סוף־כל־סוף, פאַרשטיין, אַז סאיז אסך אנגענעמער צו לעבן אַן ערלאַכן און אַרבעטזאַמיקן לעבן, איידער צו זיין רויבעריש און אונטערדריקעריש. וועט איר אָבער דורך אייער אופפירונג מאַכן אַז מיר זאָלן זיך אין אייך מיאש זיין, וועלן מיר אייך אַרויס־טרייבן פון דאַנעט און פאַרטרייבן אייך אין מדבר אריין, אַז איר זאָלט דאָרט אונטערגיין פון הונגער און איבערבלייבן אַרויב פאַר די פייגלען...

**ווילן:** אזוי וועלן מיר טאַקי טאָן, און איר, דראַגנען, האַלט עס אין זינען!

—

(לעבעדיק דערנאָענט זיך דערווייל צו עטלאַכע דראַגנען און דער־לאַנגט זיי עפּעס. זיי כאַפּן עס שנעל, לויפן אַוועק אין אַ ווינקל און עסן האַסטיק. גבורה באַמערקט עס.)

**גבורה:** (בייז) לעבעדיק, וואָס טוסטו? גיסט זיי עסן?

**לעבעדיק:** (פאַרשעמט) איך האָב אױף זיי זייער שטאַרק רחמנות...

**גבורה:** קוק נאָר אָן דעם בעל־רחמים. האָסטו שוין פאַר־געסן ווי זיי האָבן דיך אַמאָל געפּייניקט אין אַ תפיסה־צעל און פינף טעג נאָכאַנאַנד ניט געגעבן עסן?

**לעבעדיק:** דאָס איז אמת, אָבער נקמה איז אַ מיאוסער געפיל. מיר דאַרפן זיי באַווייזן אַ ביישפּיל פון גוטסקייט און ניט פון שלעכטסקייט.

**גבורה:** דו ביזט ניט גערעכט, לעבעדיק! קיינער פון אונדז איז ניט שלעכט. קיינער פון אונדז טראָגט ניט קיין שנאה אַנטקעגן זיי. מיר ווילן בלויז, אַז זיי זאָלן זיך אויסלערנען אַרבעטן און ווערן נוצלאַך אין אונדזער געזעלשאַפט. מיר מיינען עס פאַר זייער אייגענער טובה וועגן. דערמיט, וואָס דו האָסט רחמנות אױף זיי, טוסטו זיי אַ רעה און ניט קיין טובה.

**קעניג־דראָן:** הער זיך ניט צו צו אים, לעבעדיק! מיר וועלן אייביק געדיינקען דיין גוט הארץ. און ווען מיר וועלן צו־ריק באַלעבאַטים ווערן, וועלן מיר דיר באַצאָלן דערפאַר. מיר וועלן דיך מאַכן פאַר איינעם פון אונדזעריקע...

**לעבעדיק:** (שפּרינגט אויף אופגערעגט) וואָס?... וואָס האָסטו געזאָגט?... דו ווערסט מיך מאַכן פאַר איינער פון אייערי־קע?... קיינמאָל ניט!... איר האָפט נאָך צוריק באַלעבאַטים צו ווערן? — קיינמאָל ניט!... איר הערט? און זאָל אַפילו אַזאַ צייט קומען, וועל איך ליבערשט אַוועקגיין וואַנדערן אינײנעם

מיט מיינע שוועסטער־אַרבעטער איידער בלייבן מיט אייך. איך האָס אייער לעבן!... ס׳איז אַ חרפה צו לעבן אַזוי... מיינט איר, אַז דאָס איז חניפה, וואָס איך שטעל זיך אַמאָל איין פאַר אייך? — איר זיינט זיך טועה, מיינע פריינט! איצט זע איך ווי גערעכט גבורה איז... טרעט אָפּ, דראָנען! שטייט ניט אין וועג, אומגליק־לאָכע ברואים! אַרבעטן גייט, אָדער אַרויס פון דאַנעט!!...

**גבורה:** אַהאַ, סוף־כל־סוף האָסטו זיך אויך געכאַפּט צום שכל...

(די בינען אַרבעטן און זשומען. האָניק־מאַכער שטייט צו צו זום־זום און פלייסיק און העלפט זיי צוצוגרייטן דאָס עסן. די דראָנען צו־שטעלן זיך אין אַ ווינקל און קוקן מיט הונגעריקע און בייזע בליקן. קעניג־דראָן שטייט אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, די הענט פאַרלייגט הינטערן קאָפּ און איז פאַרטיפט אין מחשבות.)

**ערשטער דראָן:** סוועדט אַליץ ערגער און ערגער. לאַנג וועל איך עס ניט קענען אויסהאַלטן.

**צווייטער דראָן:** זיי האָבן צופיל חוצפּה. ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי אַנטשלאָסן דורכצופירן זייערע דראָאונגען.

**ערשטער דראָן:** איך האָב אויך מורא אַז אַזוי וועט עס טאַקי זיין... זעסט דאָך אַז אפילו לעבעדיק האָט זיך שוין אָפּ־געקערט פון אונדז.

**דריטער דראָן:** (מישט זיך אַריין אין געשפּרעך) די איינ־ציקע האָפענונג איז, אַז זיי וועלן זיך באַלד אָנהויבן רייסן צווישנ־אַנאַנד. אָן אַ באַלעבאָס וועלן זיי לאַנג ניט אויסקומען. זיי וועלן באַלד ניט קענען צעטיילן זיך מיט דער אַרבעט, וועלן זיי מוזן אָנקומען צו אונדז, אַז מיר זאָלן האַלטן אָרדנונג צווישן זיי. אַר־בעטן קענען זיי, אָבער אָרדנונג האַלטן — דאָס קענען זיי ניט.

**ערשטער דראָן:** איך גלויב קאָם. זיי ליבן צופיל צו אַר־בעטן. און אָנשטאָט צו קריגן זיך, ווער די אַרבעט זאָל אָפּטאָן, זיינען דאָ, צווישן זיי, אַלעמאָל מער בעלנים פאַר דער אַרבעט, איידער אַרבעט גופא...

(עס קומט אריין שוועסטער־בין און טראָגט צוויי לאַוורעס. איינע פון זיי שלאָפט. זי עפנט אַ צעל און עס זען זיך דאָרט צוויי קליינע בעטלאַך. זי לייגט איין לאַוורע אַוועק און נעמט זיך צו וויגן די צווייטע לאַוורע.)

**שוועסטער־בין:** (זינגט) אַ־ליו־ליו־ליו־ליו.
שלאָף, מיין טייערע לאַוורע.
שלאָף זשע, שלאָף זשע, שלאָף...

**די לאַוורע:** (וויינט.)

**שוועסטער־בין:** שאַ, קינד, וויין ניט! מע דאַרף שלאָפן...

**זום־זום:** (גייט צו) וואָס וויינט עפּעס די לאַוורע?

**שוועסטער־בין:** איך ווייס אויך ניט. זי האָט געוויינט אַ גאַנצן פרימאָרגן. וואָס איך האָב מיט איר ניט צוטאָן... אַרום־געפירט זי איבערן גאָרטן; פון דעם בעסטן האָניק איר צו זויגן געגעבן; זיך געשפּילט מיט איר. און זי האַלט אין איין וויינען. איך ווייס שוין ניט וואָס צו טאָן מיט איר... אַ־ליו־ליו־ליו־ליו...

**זום־זום:** אפשר טוט איר עפּעס וויי?

**שוועסטער־בין:** מן־הסתם. אָבער איך ווייס ניט וואָס. אַז זי רעדט ניט...

**זום־זום:** אפשר שניידן זיך בײַ איר ציינדעלאַך?

**שוועסטער־בין:** איך האָב דאָס שוין אויך געטראַכט. אָבער קין היין האָט זי ניט.

**זום־זום:** וואָלסט באַדאַרפט אַריבערגיין צום דאָקטער.
**שוועסטער־בין:** איך רעכן טאַקי אַזוי טאָן. איך גיי שוין. (זי גייט אַרויס.)

**דרייסט:** (צעשטעלט די כלים אפן טיש) בינען, מיטיק איז פאַרטיק. קומט צום טיש. מיר האָבן היינט אַ נייעם מאכל, קומט און זאָגט ווי עס געפעלט אייך. (די בינען צעזעצן זיך. עס בלייבן

איבער אַפּאָר לײדיקע פּלעצער, לױפֿן צו די דראָנען און פֿאַרכאַפּן זײ. עס קומען אַרײַן פֿון דרױסן נאָך בינען.)

**האָניק־מאַכער:** איך האָב ניט קײן פּלאַץ.

**דרײסט:** זע נאָר, זע נאָר אױף אונדזערע דראָנען!... זײ האָבן זיך צעזעצט באַם טיש פּונקט װי אמתדיקע באַלעבאַטים... דראָנען, עס זײנען דאָ בילכערע פֿאַר אײַך! זײנט אַזױ גוט, לײדיק־גײער, און טרעט אָפּ פֿונם טיש!

**ערשטער דראָן:** דער טיש איז אונדזערער און דער האָ־ניק איז אונדזערער.

**דרײסט:** עס װערט שױן איבערדריסיק!... דראָנען, עס פּלאַצט שױן דאָס געדולד פֿון אײַך. גײט אַװעק! גבורה, קום און העלף מיר צו פֿאַרטרײַבן זײ! מע קען שױן מער פֿון זײ ניט אױס־האַלטן...

**גבורה:** טרעט אָפּ פֿונם טיש, לײדיקגײער! (די דראָנען טרעטן אָפּ און צעשטעלן זיך אין אַ װינקל.)

**קעניג־דראָן:** (װאָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אין אַ װינקל און זיך צוגעקוקט, מאַכט אַן אַנטשלאָסענעם טראָט.) בינען, איך האָב באַשלאָסן אונטערצוגעבן זיך. גיט אונדז אָפּצועסן און מיר װעלן אײַנײַנעם מיט אײַך אַרױסגײן אַרבעטן...

**האָניק־מאַכער:** אַזעלכע רײד געפֿעלן מיר. זאָלן מיר זײ צולאָזן צום טיש, חברטעס?

**אַלע:** יאָ, זאָלן זײ קומען. (מע רוקט זיך צונױף און מע מאַכט פֿאַר זײ פּלאַץ.)

אַלע עסן אין אײַלעניש און מע שװײַגט. זום־זום און דרײסט באַ־דינען זײ.

**זום־זום:** (קוקט אַרױס אין דרױסן) די זון האָט װידער אױפֿגע־שײַנט. אױ, װי שײן עס איז אין דרױסן. קומט לאָמיר גײן צוריק צו דער אַרבעט!

**אַלע:** (צופרידן) בזזזזזזזזזז! (זיי גייען אַרויס.)

**גבורה:** נו, דראַגנען, לאָמיר גיין אינײַנעם!

**ערשטער דראַך:** (כאַפּט זיך פאַרן בויך) אוי, מײַן בויך!...

**צווייטער דראַך:** (טוט דאָס זעלביקע) אוי, מײַן בויך!...

**דריטער דראַך:** אוי, מײַן בויך!...

**גבורה:** וואָס אַזוינס איז מיט אײַערע בײַכער?

**קעניג-דראַך:** אוי, אוי, אוי!... מיר האָבן צו לאַנג גע־הונגערט, האָט אונדז דאָס עסן פאַרשאַדט. אוי, אוי, אוי!... חוץ דעם זײַנען מיר ניט געוואוינט צו בלומען-שטויב... אוי, אוי, אוי!... מיר זײַנען געוואוינט צו עסן האָניק. אוי, אוי, אוי!...

**אַלע:** אוי, אוי, אוי!... (הויבן זיך אָן קײַקלען אויף דער ערד) אוי, אוי, אוי!...

**גבורה:** סוועט איבערגיין, סוועט איבערגיין... איר וועט זיך צוגעוואוינען צו בלומען-שטויב, וועט איר עס נאָך ליבער האָבן פון ריינעם האָניק. אַרבעט שוין היינט ניט. רוט זיך אָפּ. איר וועט אָנהויבן מאָרגן. ווערט געזונט! אַ גוטן טאָג!

**קעניג-דראַך:** אוי, אוי, אוי!... אַ גוטן טאָג. אוי...
(גבורה גייט אַרויס.)

**די דראַגנען:** (שפּרינגען אַלע אויף פון דער ערד) כאַ־כאַ־כאַ... אָט האָבן מיר זיי דאָס אָפּגענאַרט... כאַ־כאַ־כאַ...

**קעניג-דראַך:** אָט אַזוי, אָט אַזוי... כאַ־כאַ־כאַ... אַזוי לאָזן זיי זיך דאָס נאַרן, די נאַראָנים! זיי מיינען טאַקי אַז זיי האָבן שוין בײַ אונדז געפּועלט צו באַשמוציקן אונדזערע הענט אין אַר־בעט... העסלאַכע שקלאַפן!...

**ערשטער דראַך:** סאיז מײַן אײַנפאַל געווען צו מאַכן דעם אָנשטעל אַז איך בין קראַנק...



[stamp] ...ביבליאָטעק
און פרעסע אַרכיוו

**קעניג דראַן:** סאיז געווען אַ גוטער איינפאַל.

**ערשטער דראַן:** אָבער וואָס וועלן מיר ווייטער טאָן? מע קאָן דאָך ניט יעדן טאָג קומען מיט אַ תירוץ.

**קעניג-דראַן:** געווים ניט. אָבער זעט איר וואָס דאָס איז? (ער נעמט ארויס פון בוזים קעשענע אַ קליין זעגל.)

**אַלע:** אַ זעג?...

**ערשטער דראַן:** וואָס וועלן מיר טאָן מיטן זעג?

**קעניג-דראַן:** מיר וועלן אויסזעגן אַ שטיק פון אַ הינטער־שטן צעל און אַרויסנעמען דעם האָניק פון דאָרט. צו די בינען וועלן מיר זאָגן, אַז דאָס האָבן מיר צונויפגעקליבן... שאַ, אימי־צער גייט: נעמט זיך פאַר די בייכער... (זיי צעפאַלן אַף דער ערד און הויבן ווידער אָן קרעכצן.)

(ווילן קומט אריין.)

**ווילן:** וואָס האָט פאַסירט, דראָנען?

**די דראָנען:** אוי, אוי, אוי!... דער בויך... אוי, אוי, אוי...

**ווילן:** וואָס איז אַזוינס מיט אייער בויך?

**קעניג-דראַן:** דאָס עסן האָט אונדז פאַרשאַדט... אוי...

**ווילן:** אָט האָב איך געבראַכט רויזן האָניק. נעמט אייך און עסט. רויזן האָניק איז אַ גוטער מיטל צו בויך־ווייטיק.

**קעניג-דראַן:** אַ דאַנק. מיר וואָלטן שוין געוואָלט געזונט ווערן און שטעלן זיך צו דער אַרבעט.

**ווילן:** ווערט געזונט, ווערט געזונט. און מכח דער אַרבעט זאָרגט זיך ניט. אירט די אַרבעט ניט פאַרשפּעטיקן.

**קעניג-דראַן:** מיר וואָלטן די אַרבעט ניט געוואָלט אָפּ־לייגן. אונדזער געמיט האָט זיך אינגאַנצן געביטן. מיר וואָלטן

שוין וואָס שנעלער געוואָלט זיין אינייִנעם מיט אייך, אַרבעטער, דאָרט אויף די פעלדער און גערטנער בײַ די בלומען.

(עס קומט אַרײַן מוטער־בין.)

**מוטער־בין:** וואָס האָט פּאַסירט?

**ווילן:** די דראָנען האָבן זיך אונטערגעגעבן. האָבן מיר זיי געגעבן אָפּצועסן און זיי האָבן שוין געוואָלט אינייִנעם מיט אונדז גיין אַרבעטן, אָבער דאָס עסן האָט זיי פאַרשאַדט, און זיי זײַנען קראַנק געוואָרן... זיי האָבן צו לאַנג געפאַסט און, חוץ דעם, זײַנען זיי ניט געוואוינט צום בלומען־שטויב...

**די דראָנען:** אוי, אוי, אוי!...

**מוטער־בין:** עס מאַכט ניט, עס מאַכט ניט. סע וועט איבערגיין.

**ווילן:** איך האָב זיי געגעבן רויזן־האָניק. סאיז אַ גוטע רפואה.

**מוטער־בין:** האָסט גוט געטאָן, ווילן! און וואו איז שוועסטער־בין?

**ווילן:** איין לאַוורע איז קראַנק געוואָרן, איז שוועסטער אַוועק מיט איר צום דאָקטער.

**מוטער־בין:** קראַנק געוואָרן? וועל איך אויך צוגיין צום דאָקטער. קום מיט מיר, ווילן!

(זיי גייען אַרויס און לאָזן איבער די טיר האַלב אָפן.)

**די דראָנען:** כאַ־כאַ־כאַ... אפילו די מוטער־בין איז אויך לײַכט אָפּצונאַרן...

(די מוטער באַווײַזט זיך צוריק אין טיר, קוקט זיך אַרום, קריכט אַרײַן אין צימער אויף אַלע פיר, און באַהאַלט זיך הינטער אַ קופּע אָנגעוואָרפענע צעלן בײַם אַרײַנגאַנג.)

**ערשטער דראַן:** איצט זיינען מיר אַליין אין בינשטאָק און האָניק וועלן מיר שוין גענוג האָבן צו באַווייזן זיי אַז מיר האָבן געאַרבעט. אַף אַ פּאָר טעג זיינען מיר פאַרזאָרגט. אָבער מיטדערצייט וועלן זיי דאָך מוזן אויסגעפינען אַז מיר נאַרן זיי. וועלן זיי אונדז געוויס אויסהרגענען. דאַרפן מיר זיך קלערן און צוטראַכטן אַ נייעם פּלאַן. קעניג, דו האָסט אונדז נעכטן געהייסן ניט צו זאָרגן זיך און דו וועסט שוין עפּעס צוטראַכטן. וואָס האָסטו צוגעטראַכט?

**קעניג-דראָן:** איך וועל אייך דערציילן. אָבער צוערשט וויל איך, אַז איר זאָלט שווערן, אַז איר וועט אָפּהיטן דעם כבוד פון דעם גרויסן דראָנען שטאַם. מיר, דראָנען, דאַרפן זיך האַלטן ריין און שיין, ווייל מיר זיינען באַשאַפן געוואָרן צו פאַרשפּרייטן שיינקייט אַף דער וועלט. אַרבעט פאַרגרעבט. טאָרן מיר דערפאַר ניט אַרבעטן. אַף אַרבעטן זיינען דאָ די אַרבעטער-בינען, אָבער ניט מיר. אַפילו ווען מיר דאַרפן אויסקלייבן צווישן טויט און אַר-בעט, טאָרן מיר אויך ניט אונטערגעבן זיך. שווערט איר מיר דערויף, דראָנען?

**די דראָנען:** (הויבן אויף זייערע רעכטע הענט) מיר שווערן!

**קעניג-דראָן:** איצט הערט מיך אויס. אונדזער מצב איז זייער אַ טרויעריקער. דער אופשטאַנד פון די אַרבעטער-בינען איז פאַרגעקומען ניט בא אונדז אַליין. ער איז פאַרגעקומען איבער אַלע בינשטאָקן פון אונדזער גאָרטן. אומעטום זיינען די סאָלדאַטן צוגעשטאַנען צו די אַרבעטער. אין אַנדערע בינשטאָקן האָט מען אונדזערע ברידער אויסגעהרגעט. פון אַנדערע האָט מען זיי אַרויס-געטריבן. מיר, דאָ, האָבן בעסער פון אַלע אונדזערע ברידער אָפּ-געקומען. מיר לעבן נאָך און מיר זיינען נאָך אין בינשטאָק פאַר-בליבן. דערפאַר דאַרפט איר מיר דאַנקען. דאָס האָט מיין קלוגע האַנדלונג אונדז געראַטעוועט. מיר דאַרפן זען, אַז מיר זאָלן אויך אַף ווייטער אין בינשטאָק פאַרבלייבן. מיר טאָרן אויך ניט אויס-געהרגעט ווערן...

**ערשטער דראָן:** געווייס טאָרן מיר ניט. אָבער וואָס זאָלן מיר טאָן?

**קעניג־דראָן:** אָט מכח דעם טאָקי האָב איך געטראַכט די גאַנצע צייט. צוערשט איז מיר איינגעפאַלן צונויפצורעדן זיך מיט די דראָנען פון די איבעריקע בינשטאָקן, צונויפצושטעלן אַ גרויסע מחנה און גיין פון בינשטאָק צו בינשטאָק און איינשטעלן אָרדנונג.

**ערשטער דראָן:** אָ, דאָס איז אַ גוטער איינפאַל. איך האָב געוואוסט, קעניג, אַז דו וועסט שוין עפּעס צוטראַכטן ווי אַזוי צו ראַטעווען אונדז אַלעמען.

**קעניג־דראָן:** אַ־יאָ סאיז אַ גוטער איינפאַל? טויג ער אָבער ניט.

**ערשטער דראָן:** פאַרוואָס?

**קעניג־דראָן:** ווייל אַרבעטער־בינען לויערן תמיד איבערן און אַרום דעם גאָרטן. און אַזוי שנעל ווי זיי וועלן דערזען אַז מיר קלייבן זיך אין מחנות, וועט באַ זיי פאַלן אַ חשד און זיי וועלן צושטערן אונדזער פּלאַן. דאַמאָלסט וועט שוין זיין אַלץ פאַרפאַלן.

**ערשטער דראָן:** האָסטו אַן אַנדער מיטל?

**קעניג־דראָן:** יאָ. מיר דאַרפן פּטור ווערן פון דער מו־טער־בין.

**אַלע:** (פאַרוואונדערט) פון דער מוטער־בין?

**קעניג־דראָן:** יאָ, פון דער מוטער־בין. און איך וועל אייך דערקלערן פאַרוואָס. די בינען זיינען גוטע אַרבעטער, אָבער עס פעלט זיי אָרדנונג. די איינציקע קלוגע צווישן זיי, איז די מוטער. מיט איר האַלטן זיי זיך. אָן איר וועלן זיי זיך גלייך פאַרלירן און צעשיטן זיך איבער דער גאַנצער וועלט. וועלן מיר דאַמאָלסט איבערבלייבן די איינציקע באַלעבאַטים פונם בינשטאָק.

**ערשטער דראָן:** אָבער וואָס וועלן מיר טאָן אַן אַרבעטער?

**קעניג־דראַן:** אַן אַרבעטער? מיר דאַרפן אַצינד קין אַר־בעטער ניט. מיר האָבן דאָ גענוג האָניק אַף אַ גאַנצן יאָר.

**ערשטער דראָן:** און ווער וועט פאַר אונדז רייניקן דעם בינשטאָק?

**קעניג־דראַן:** דאָס איז אַ קלייניקייט. מיר וועלן אַלעמאָל קענען פאַנגען אַ צענדליק אַרבעטער און האַלטן זיי דאָ פאַר־שפּאַרט. זיי וועלן טאָן די אינוועניקסטע אַרבעט.

**צווייטער־דראָן:** און וואָס וועלן מיר טאָן איבעראיאָר?

**דריטער דראָן:** דאַרפן מיר איצט טראַכטן וואָס איבער־איאָר וועט זיין? מיר וועלן דאָמאָלסט צייט האָבן צו טראַכטן.

**קעניג־דראַן:** (צום דריטן דראָן) דו ביזט ניט גערעכט. מיר דאַרפן יאָ טראַכטן וואָס איבעראיאָר וועט זיין. איך האָב עס אָבער שוין צוגעטראַכט.

**אַלע:** שוין צוגעטראַכט?

**קעניג־דראַן:** (מיט גדלות) יאָ, שוין צוגעטראַכט...

**צווייטער דראָן:** ניט אומזיסט־זאָגן אַלע, אַז כל זמן דו ביזט מיט אונדז, האָבן מיר ניט וואָס מורא צו האָבן.

**קעניג־דראַן:** מיר טוט שטאַרק הנאה צו הערן פון אייך אַזאַ מיינונג. דאָס באַווייזט אַז איר קענט מיך ריכטיק אָפּשאַצן, און אַז איר וועט מיר שטענדיק פאַרבלייבן געטריי.

**אַלע:** געוויס וועלן מיר דיר זיין געטריי.

**צווייטער דראָן:** וועסטו אונדז דערציילן וואָס דו האָסט צוגעטראַכט אַף איבעראיאָר?

**קעניג־דראַן:** געוויס. הערט זיך איין. איר ווייסט דאָך, אַז יעדן יאָר ווערט אין בינשטאָק געבוירן אַ נייע מוטער און די

אלטע אנטלויפט פון דאָרט איניינעם מיט אירע קינדער. נו, וועלן מיר צו איינער פון די אַנטלויפנדיקע ראיען קומען און זיי פאַר־בעטן צו אונדז אין בינשטאָק אַריין. און איבערראַיאָר וועלן מיר קליגער זיין און מיר וועלן די מוטער הרגענען נאָך איידער זי וועט צייט האָבן אופצורייצן די אַרבעטער צום אופשטאַנד, און אַזוי שנעל ווי מיר וועלן שוין האָבן געננג האָניק אַפן קומענדיקן יאָר.

**ערשטער דראָן:** סאַראַ גוטער איינפאַל!

**צווייטער דראָן:** לאַנג לעבן זאָל אונדזער קעניג!

**אַלע:** הוראַ!

(מוטער־בין קריכט אַרויס פון איר באַהאַלטעניש און רוקט זיך אַרויס אין דרויסן.)

**קעניג־דראָן:** שאַ, שרייט ניט! די בינען וועלן נאָך דער־הערן און זיך צונויפקומען. געפעלט אייך מיין פּלאַן?

**אַלע:** אודאי.

**קעניג־דראָן:** אויב אַזוי, הערט וואָס מיר זאָלן טאָן: מיר וועלן אַציגד אַרויסגיין זוכן די מוטער. מיר וועלן זיך צוטיילן צו דריי אין אַ מחנה. דריי פון אונדזעריקע וועלן געווים קענען ביי־קומען זי. די ערשטע מחנה, וואָס וועט זי טרעפן, זאָל זי הרגענען, ברייננען איר קערפּער אַהער און איבערלאָזן באַם אַריינגאַנג. ווען די אַרבעטער וועלן צוריק אַהיים קומען, זאָלן זיי שוין וויסן וואָס דאָ האָט פּאַסירט, וועלן זיי במילא שוין אין בינשטאָק ניט אַריין אפילו און זיי וועלן גלייך אַוועק ערגיין אַנדערש.

**אַלע:** לאָמיר גיין!

(זיי גיבן זיך אַלאַז צום אַרויסגאַנג, אָבער דאָ באַגעגענען זיי אַלע בינען מיט דער מוטער בראש. די דראָנען דערשרעקן זיך און טרעטן צוריק. די בינען רינגלען זיי אַרום.)

**מוטער־בין:** וואוהין איילט איר זיך, דראָנען?

**קעניג-דראָן:** דער רויזן-האָניק איז אַ גוטע רפואה. מיר זיינען אַלע געזונט געוואָרן און איצט גייען מיר צו דער אַרבעט.

**מוטער-בין:** אַזוי גאָר?... צו דער אַרבעט?...

**קעניג דראָן:** מיר האָבן זיך געכאַפּט צום שכל, אַז סאיז אַסך אנגענעמער צו אַרבעטן איידער צו אַרומגיין ליידיק.

**מוטער-בין:** אַזוי, אַזוי... מיר דאַרפן אייך גראַטולירן, דראָנען! דאָס איז זייער אַן אָרנטלאַכער באַשלוס. (ווערט ערנסט) דראָנען, אייער פאַרשווערונג האָט זיך ניט איינגעגעבן! מיר ווייסן מכח וואָס איר האָט זיך דאָ באַראָטן און מיר ווייסן וואָס איר האָט בדעה צו טאָן. מיר האָבן אויך געהאַט אַ באַראַטונג און וואָס מיר האָבן באַשלאָסן צו טאָן, וועל איך אייך אַצינד דערציילן: איך וויל אייך אַן איבעריקן מאָל דערציילן, אַז אָט דער בינשטאָק, אָט דאָס האָניק, אָט דאָס אַלץ וואָס דאָ איז, האָבן מיר, די אַרבע-טער-בינען, באַשאַפן מיט די אייגענע הענט. איר, דראָנען, איר ליידיקגייער, האָט דאָ קיין שום חלק ניט. וואָלט איר ערלאַך גע-ווען, וואָלט איר געוואָלט אַרבעטן און איר וואָלט קיין שלעכטס ניט פאַרטראַכט, וואָלטן מיר אייך, מיט פאַרגעניגן אַריינגענומען אין אונדזער געזעלשאַפט און אייך ווי גלייכע באַטראַכט, ווי אונדזערע ברידער. אייער קרומער מח קען אָבער ניט טראַכטן גלייך און איר האָט מאָרד פאַרטראַכט. דערפאַר קומען מיר און זאָגן אייך, אַז מיר ווילן אייך דאָ ניט האָבן. אַוועק פון דאַנעט! מיר וועלן אייך באַגלייטן ביז אין מדבר אַריין, און דאָרט אַזוי ווייט, אַז איר זאָלט שוין ניט קענען צוריק קומען. מיר דאַרפן אייך דאָ ניט. מיר דאַרפן דאָ האָבן אָרנטלאַכע אַרבעטער און ניט פאַרברעכערישע ליידיקגייער. שוועסטער, פירט זיי אַרויס!

**די דראָנען:** (פאַלן אַף די קני) מוטער, דערבאַרים זיך! מיר וועלן שוין גוט זיין. מיר וועלן אַרבעטן!

**מוטער-בין:** צו שפּעט! מיר האָבן שוין פאַרלוירן דעם צוטרוי צו אייך. און אָן צוטרוי קענען מיר מיט אייך צוזאַמען ניט לעבן. פירט זיי אַוועק!

**די בינען:** גייט! (זיי שטופּן זיי אַרויס. איייניקע דראָנען ראַנגלען זיך, טראָגט מען זיי אַרויס אונטער די אָרעמס. דער איינציקער, וועלכער גייט אַרויס אַנטשלאָסן און מיט גאווה איז דער קעניג־דראָן.)

**מוטער־בין:** סוף־כל־סוף פּטור געוואָרן פון זיי. איצט זייַנען מיר שוין זיכער מיט אונדזער פרייהייט. לאָמיר פייערן אַט דעם יאָנטעוו!

(די מוזיק שפּילט דעם אינטערנאַציאָנאַל. די בינען גייען אַ מאַרש.)

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

אויסגאבן פון

# פארלאג מתנות

באם שלום עליכם פאלק אינסטיטוט

## וויכטיקע ביכער פאר שול און היים

## ליטעראטור פאר אונדזערע קינדער:

פרייז

דער בער — פרץ הירשביין................25. $
(געצייכנט פון אהרן גולדמאן)

דער קאמיליאן — פרץ הירשביין.............20.
(געצייכנט פון אהרן גולדמאן)

פארבלאנדזשעט — יעקב קרעפליאק...........50.
(געצייכנט פון אהרן גולדמאן)

מוראשקעס — ה. גאלדבלום..............40.
(געצייכנט פון אהרן גולדמאן)

אין בלומען לאנד (אפערעטע) — ג. קאפלאן....45.
(מוזיק פון י. דייווידסאן)

דער באפרייטער (אפערעטע) — ז. וויינפער..50.
(געצייכענט פון י. קאטלער—מוזיק פון ג. זאסלאווסקי)

חנוכה געלט — שלום עליכם..............25.
פריי אינסצעניר פון י. ד. בערקאוויץ

דער בינשטאק — א. פאזי................25.
(קינדער שפיל אין צוויי סצענעס)

אין וועלדל — מיכל דאווידזאן...............1.00
(קינדער דראמע אין צוויי אקטן—געצייכנט פון טאדראס געללער)
(דע לוקס אויסגאבע)

50 לידער — א. רייזען...................1.25
פראכט אויסגאבע לכבוד זיין 50 יאריקן יובילוי.

כאוועד פאווערם מעשהלאך (אין צוויי בענד)....2.50
(אילוסטרירט פון אהרן גולדמאן)

קינדער זשורנאל

זשורנאל פאר קינדער, דערשיינט יעדן חודש
אונטער דער רעדאקציע פון ש. ניגער
2 דאלאר א יאר, 1 דאלאר א האלב יאר.

## פאר דערוואקסענע:

די פסיכאלאגיע פון ליטעראטור — ל. לעהרער...2.50

פאר שולן און בוך-הענדלער א ספעציעלער פרייז.

מיט באשטעלונגען זיך ווענדן צום

KINDER JOURNAL, 1387 Washington Ave., Bronx, N. Y.

